


# ווינטער

דער ווינטער קומט
די ווינטערנאַכט
אין דעם ווייסען וואַלד

## דאָס אָנקומען פון ווינטער

אָט הערט וועגען דעם אָנקומען פון ווינטער:

אַמאָל, ווען דער רייכער וואַ־לאַ־לאַ — דער זומער — האָט זיך דאָס ערשטע מאָל דערפילט מיד, האָט ער זיך פאַרקליבען אויף די בערג. פון דאָרטען האָט ער געוואָרפען זיינע לעצטע בליקען צו דער ערד און האָט זעגענענדיג זיך אָנגערופען:

— ערד! איך מוז געהן, איך בין מיד. עס וואַרט אויף מיר אַ בעט פון גאָלדענע און רויטע בלעטער. איך לאָז דיר איבער מיין זון, מיין גרויסען גאָלדענעם פויגעל: קי־קו־קי. זי וועט דיר אויך אויף ווייטער ברענגען פאַר יעדען טאָג אַ נייעם מאָרגען, און יעדען אָוענט וועט זיך אויך אויף ווייטער איר גרויסער גאָלדענער עק אָנטשעפען אָן דיר און וועט דיך מיטשלעפען אין דער וועלט פון נאַכט, אין דער וועלט פון רו און פרידען.

און וואַ־לאַ־לאַ דער זומער האָט זיך אַריינגעלייגט אין זיין בעט פון גאָלדענע און רויטע בלעטער. האָבען אים די בלעטער גענומען איינדעקען. און ווען זיי האָבען אים אינגאַנצען פאַרדעקט, איז צו דער ערד געקומען דער ווילדער וואָר־וואָר־הו און זיך גענומען שפילען איבער'ן קאָפּ פון וואַ־לאַ־לאַ דעם זומער.

— ווער איז וואָר־וואָר־הו?

ער איז דער שטורעם־שפילער. ער איז אַ לאַנגער

---

גאָלד און זילבער און בריליאַנטען

און א דינער. ער האָט אַ פידעל און אַ סמיק. שפּילט ער — נעמען ווינטען בלאָזען, נעמען ביימער רעדען.

און ווען די לופט איז דורכגעציטערט געוואָרען פון דעם שטורעם־שפּילער וואָר־וואָר־הו, איז צו דער ערד געקומען דער ווייסער פעטער שנייער מיט די צוויי צעשטראַלטע זילבער הערנער.

— ווער איז דער פעטער שנייער?

— ער איז דער שפּרייטער פון די ווייסע ווינטער־נעצען. ער איז אַ ליכטיגער, ער איז אַ שטילער און אַ גוטער.

און עס איז געווען, ווען דער ליכטיגער פעטער שנייער האָט צום ערשטען מאָל איבערגעדעקט מיט זיינע ווייסע נעצען די גרויסע גרויע וועלט און די צע־שטערטע גיטער פון דעם רייכען וואַ־לאַ־לאַ, דעם זו־מער, האָט ער אויף די וועגען דערזען אַ קליין און הילפלאָז קינד. דאָס איז געווען קריק־קריק פּראָסט. דער גוטער פעטער שנייער האָט דאָס קינד אָנגענומען ביים הענטעל און געפרעגט:

— ווער ביסטו, קינד?

קריק־קריק־פּראָסט האָט נאָך אָבער רעדען ניט געקאָנט. האָט אים דער פעטער שנייער גענומען אויף זיינע הענט און געבראַכט צו זיך אין הויז, האָט אים געגעבען ברויט און זאַלץ און פאָטער־ליבע, איז פּראָסט פון דעם געוואַקסען, ביז ער איז גרויס און שטאַרק געוואָרען, ביז זיין אָטעם האָט גענומען אָפּ־שטעלען טייכען, באַהערשען דערפער און פעלדער און שטעט.

---

## גאָלד און זילבער און בריליאַנטען

## אַ ווינטערנאַכט אין וואַן־קאָרטלאַנד פּאַרק

אַ בלויע, פרישע ווינטערנאַכט.

און עס ציט זיך אַ ווייסע ווייט אויף מיילען, אי־בער בערג און בערג, שטראַלט, אין דער בלויער נאַכט אַריין.

די נאַכט הויבט זיך זיכער, שטיל ביז צום ווייטען הימעל; ציט זיך, פרעסט זיך צום פאַרשטערנטען בלויען ים.

עס ברענט דער פראָסט, געוועלטיגט אין דער נאַכט־בלויער לופט, פאַרכאַפּט דעם אָטעם, מאַכט פידלען דעם שניי אונטער די פיס. און עס שטאַרקט די אָדערען, ציט אָן די מוסקולען, קרעפטיגט דאָס בלוט, — פילסט פראָסטיג, ברענענדיג.

בערג ווייסע, מיט ביימער נאַקעטע, פאַרשנייטע, הויבען זיך דאָ און דאָרט, שטילע, לעבעדיגע, חבר'ן זיך צופרידען מיט דער קרעפטיגער, טיפער בלויקייט וואָס אַרום זיי, וואָס איבער זיי: —

— זיי געגריסט, דו קרעפטיג־בלויע ווינטער־נאַכט! זיי געגריסט! און דער שטאַרקער ריז, דער קריק־קריק־פראָסט, קלאַפּט אָפּ דעם ערשטען, גרע־סטען באַרג אין פּלייצע:

— וואויל, וואויל, מיין קינד! — וואויל! — און שפּאַנט ווייטער.

און ערגעץ, איבער ווייטע ווייסע פעלדער, וואָס ביים סאַמע ברעג הימעל הויבט זיך אויף דער גוטער

גאָלד און זילבער און בריליאַנטען

פעטער־שנייער מיט זיינע צעשפינטע ווייסע ווינטער נעצען אין די הענט, מיט זיינע צוויי הערנערדיגע זילבער שטראַלען אויפ׳ן קאָפּ.

* * *

גידריגער, צווישען די בערג, אויפ׳ן אייז־ראַנד גליטשען זיך חברה, פרישע יונגע, וואַרפען זיך איבער מיט ווערטער, טומלען, לויפען; יאָגען זיך איבער׳ן אייז. עס קומען נאָך אָן אַלץ נייע און נייע, זעצען זיך אויף די בענק, אַרום ברעג, טוען אויף גיך אָן די שטאָ־לענע גליטשערס; העלפען אויך זייערע מיידלאך.

און אַז מען גליטשט דורך דעם ערשטען ראַנד, ווערט מיטאַמאָל וואַרים, — וואַרפט מען אַראָפּ פון זיך די אויבערשטע ווינטער־קליידער, דערפילט מען מיטאַמאָל לייכט, אַזוי פאַרגניגענדיג־גרינג, כאָטש פלי! פליט מען איבער׳ן אייז אויף די גוט געשאַרפטע, בלאַנקע גליטשערס. שנעל און שנעלער, איינס הינ־טער׳ם אַנדערע, איינס פּאַר ס׳אַנדערע, אָט גאַר צוזאַ־מען; איינער אָן דעם צווייטען, איינער אָן דעם צוויי־טען אין אַ לאַנגער, לאַנגער קייט, און אָט — האַנט אין האַנט, ווי אַ לעבעדיגער פּאַרקאַן... און עס צעוואַרמען זיך די בלוטען אַלץ פרישער, לעבעדיגער, וואַרימען צופרידען די הויט פון די קרעפטיגע, יונגע לייבער, ווערען צעפלאַמטע באַקען ליידענשאַפטליך געקושט, געביסען פון דעם שאַרפען פראָסט; די ברוסט אָטעמט פריי, פריש, גערן; דאָס האַרץ קלאַפּט מוטיגער, שטאַרקער און אַלץ ברענענ־דיגער, שטאַרקער רייצט דער שטאַרקער פראָסט.

---

# גאָלד און זילבער און בריליאַנטען

איז עמיצער צופרידען, גליטשט ער זיך שטאַרק; איז עמיצער אויף עפּעס אין כעס, גליטשט ער זיך אויף צו־להכעיס, נאָך שטאַרקער.

אָט האָט עפּעס איבער׳ן אייז לויז אַ קלונג געטאָן: ס׳איז ביי אַ מיידעל, אין מיטען יאָגען זיך מיט איר חבר׳טע, ארונטערגעפאלען איין גליטשער; דאָס מיידעל פאלט, די חבר׳טע פּרובט זי אונטערכאַפּען — ס׳פּאַטיקעט זיך אליין איינמאָל און נאָך אַמאָל, לאָזט אַ פּאָר מאָל אַרוים אַ מיידעלשען קוויטש, צולאָזט אין דער לופט די הענט, קאָן קוים כאַפּען דאָס גלייכגעוויכט, — לויפט באַלד אונטער אַ בחור, האַלט איין די צווייטע, העלפט זיך אויפהויבען דער ערשטער.

— איר האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן?

— ניין, ניין, זי ענטפערט מיט אַ לייכטען שמייכעל, — גאָרניט...

און אָט שוועבען פארביי חנה און מאקס, האַלטען פאר זיך געשלאָסען די הענט ווי אין אַ טאַנץ. חנה׳ס ווייסער, וואָלענער „סוועטער״! דער ווייסער פוטערנער הוט! רויט־צעפלאמטע, ווייסע באקען, ס׳בלישטשען מיט פרישער פייכטקייט די ווייטע אויגען. ס׳שלאָגען זיך אַרוים עטליכע דונקעלע האָר, ווערען באַדעקט מיט ווייסען פראָסט. גליטשער קוקען זיך אום, — לאָזען זיך נאָכ׳ן פּאָרל, פארלויפען אויף־צו־פריער, בלייבען אויף אַ ווייל׳ע הינטען, פארלויפען פון רעכטס, פון לינקס. ס׳שווינדעלט אין די אויגען דאָס שטאָל פון אונטער אַלעמענס פיס, וואָס שלייפען מיט אַ מאָדנעם געוודער דאָס יונגע, קרעפטיגע אייז. און

גאָלד און זילבער און בריליאַנטען

דאָס איז לאָזט פון מאָל־צו־מאָל ארויס מורא'דיגע קלאַנגען, ווי ס'וואָלט זיך דאָ און דאָרט אין שטיקער שפּאַלטען, אָדער פאַר'כשופ'טער, שטילער, ווי עס וואָלטען פלוצלונג ערגעץ ביי אַ פידעל־שפּילער סטרו־נעס פּלאַצען....

זייער פריינט, ברוך, נעמט אויך אנטייל אין דעם צעלאָזטען לויפען און איבערלויפען, שפּילט זיך, מאַכט דעם אָנשטעל, אַז אויך ער האָט דאָס פאָמר'שט צום ערשטען מאָל דאָס מיידעל אין ווייסען „סוועטער“ דערזען.... אַט האַלט ער שוין לענגער נישט אויס, פאַרלויפט פון לינקס, הייסט זיך גיבען איר פרייע האַנט און — מע לאָזט זיך אין דרייען.

באַלד ווערט ער קאַפּריזנע, ווי אַ צעפּעסטעטע קינד: — „מאַקס זאָל גיין אויף דער זייט און ער אויף יענער“, — האָט גלייך חרטה, בייט זיך אָפּ צוריק... אָט האַלט ער זיי מיטאַמאָל אָפּ אין מיטען לויף, אַז זיי שלאָגען זיך אָן אַלע צוזאַמען, פאַלען.

און חנה'ן געפעלט דאָס, זי האָט הנאה פון אָט דעם שפּיל אויפ'ן אייז, נאָר אָט שרייט זי אויס:

— נו, אַלזאָ, רב ברוך, גענוג! ציַנד זייט שוין אַ מענש.... נאַט!... — זי דערלאַנגט אים איין האַנט, מאַקס'ען — די צווייטע, שטעלט אַרויס אויף צו פרייער איר ברוסט, אַ פּוס — און הויבט אָן:

— איינס, צוויי! איינס, צוויי! שטאַרקער! איינס, צוויי! איינס, צוויי! און עס זעט אויס: זי אַ ווייסער פויגעל, זיי — אירע צוויי שווארצע פליגעל.

און עס שוועבט דער פויגעל אין דער בלויער

גאָלד און זילבער און בריליאַנטען

נאכט, צווישען ווייסע בערג און שטערען, און שרייט: איינס, צוויי! איינס, צוויי! ווערט ווילד און שרייט: איינס, צוויי, איינס, צוויי! ווערט ווילדער, ווילדער און שרייט: איינס, צוויי! איינס! צוויי! שטארקער! שטארקער! ס'ארא פראסט! א—ו—או!—הוך!

און דאס איז הינטער די פיס קרעפטיגט זיך, שטארקט זיך, וועט באלד פלאצען פון שטארקייט.

ביימער: — שווארצע שטאמען מיט נאקעטע צווייגען, ציען אוים זייערע שאטענס ברייט און לאנג איבער'ן צעקרעלטען אייז, אונטער די פיס פון די גליטשערס; אט דארטען לויפט וואס אריבער פון איין בארג צום צווייטען. א הינטעל, צי א פוקס?.. א משונה'דיג לאנגער שאטען לויפט דעם נאך איבער'ן ווייסען שניי... אט איז דאס שוין אויפ'ן צווייטען בארג... פארשווינדט. און ווידער — שא! ווידער ביימער, ווידער ווייסע בערג, בלויער רוים, ווייטע פייערלאך....

און דער טונקעלער הימעל איז פארשאטען מיט גאנצע קופעס שטערען, קוקען זיי אלע אראפ אזוי מאדנע, אנגעשטעלט, אז עס פילט זיך ווי אט־אט.. אט־אט — און ס'נעמט רעגענען מיט שטערען.... און דער שניי וועט פארדעקט ווערען מיט שטערען....

און אט טאקע טוט זיך גאר מיטאמאל א רים אפ א גרויסער שטערן, לאזט זיך אראפ מיטאמאל ווי א צערייצטע, ווייס־צעגליטע שלאנג! — און אויף אלע־מענס פנים'ער גיט זיך פון דעם א וויג אפ א ווייך שטערען ליכט.

---

# גאלד און זילבער און בריליאנטען

אַ ווינטערנאַכט, אַ ווינטערנאַכט, אַ ווינטערנאַכט אין וואַן קאַרטלאַנד פּאַרק! צווישען אָנגעבעטע ווייסע בערג, וואָס ליגען צופרידען און רואיג און שטיל, ווייס געבלענדט און בלוי געשאָטענט, און נעמען אין זיך אריין דאָס געדויש פון די גליטשער, אזוי אַז ווען מען קוקט אויף זיי ווערט דער גאַנצער טומעל אויפ'ן אייז ראַנג ווי פאַרשלונגען, ווערט גאָר ווי אַ טייל פון זייער אויפגעלייגטער שטילקייט. און שטיל ווערט אַלץ.

מיטאמאָל אָבער: —

— פּף — פּפּפאף! פּאף!! — אַ שטאַרקער גע־רודער, אַ רעווע ווי פון אַ ווילד־צערייצטען לייב, — אויף איינעם פון די ווייטערע בערג שפּרינגט אַרויף אַ שוואַרצער לאָקאָמאָטיוו, ס'זעצט אַ ווייסער רויך מיט שטיקער דיקע רויטע פלאַמען.... וואַגאָנען; ליכטיגע פענסטער; פּנים'ער — טאַנצען, שפּרינגען.... ס'האַלט זיך איין וואַגאָן אָנ'ם אַנדערען, איינער אינ'ם אַנדערען אין אַ לאַנגער, לאַנגער קייט. אָט גייט זיך די ראַשיגע קייט אַ שליידער אַהער, אַהין.... ווידער אַן אויפטרייסלענדיגען רעווע און פאַרשווינדט, איבער־לאָזענדיג צווישען די שוואַרצע ביימער עטליכע ווייסע וואָלקען רויך.

געפעלט דאָס די גליטשער, זיי וואָלטען דער באַן דערפאַר אפילו אַ דאַנק געזאָגט, וואָרים דער פּלוצלונג־דיגער גערודער האָט זיי ווי פון דאָס ניי אויפגע־טרייסעלט און פון דאָס ניי ווי מיט נייעם כח אָנגעפילט.

נאָר אָט גייט אַ צי אַן אַנדער ווינט, עס ווערט ליב־דער... עס נעמען פאַלען פּוכקע, ווייסע שנייען. — דאָס

גאָלד און זילבער און בריליאַנטען

נעמט זיך גאַר אַזוי אין מיטען־דערינען דער בלאַסער פעטער שנייער. שפּרייטען זיינע גלייכגילטיג ווייסע ווינטער נעצען.

— פון וואַנען האָט זיך גענומען דער פעטער שנייער? ניט מען זעהט און ניט מען ווייסט.

גליטשער נעמען זיך יאָגען פלייסיגער און ווערן אַל'ץ מערער פאַרפלאָנטערט אין זיין נעץ. ס'ווערט שנייאיגער, געדיכטער, ס'ווערט שווער צו זען עפּעס ווייטער פון זיך.... לויפסט, לויפסט און פון דער ווייסער נעץ איז זיך ניט אַרויסצורייסען....

* * *

פאַר'ן אַוועקגיין.

דער גליטש־פּלאַץ ווערט ליבער... בעט זיך — ממש — ביי יעדען: נעם כאַפּ אַריין נאָך אַ גליטש! נאָך איין מאָל גליטש זיך דורך דעם גאַנצען ראַנד! גוט? טאָ איז נאָך אַמאָל! האַ? — צו דער פראָסט וועט דען נאָך לאַנג אָנהאַלטען? און ביז מע דערל'עבט זיך דאָ צו אָט אַזא פראָסט... קום אָט אין יענער זייט, צו די ביימער, — דאָס אייז איז דאָרט אַזוי גלאַט... אַ צוויי־דריי שטאַרקע באַוועגונגען און נאָכדעם טראָגט דאָס שוין אַליין... אַנטקעגען ווינט?... איז וואָס?... ס'איז נאָך בעסער, שטאַרקער!

דער עולם אָבער ווערט דאָך שיטערער. מע מוז מאָרגען פרי אויפשטיין. די פיס ווע'לען זיין שווער.

עס ווערט ליידיגער, פוסטער, ווערט דעם ווינט היימליכער, נעמט ער זיך אָפּקערען דעם שניי פון אייז; קערט ווי מיט ווייכע, ברייטע בעזימער, — עס הויבט

זיך אויף א ווייסער שטויב, טראָגט זיך מיט א לייכטען בייזער...

און אָט האָט ערגעץ א פּאָליסמאַן צוגעלייגט זיין פייפעל צום מויל און אַרויסגעלאָזען א לאַנגען פייף, דער פייף האָט זיך א צוויי, דריי מאָל צעבראָכען, איז נאָכדעם ווידער אַוועק גלייך. — האָבען באַלד אַלע אַנדערע פּאָליסלייט, וואָס אויף דער וואַך אַרום דעם אייז, גענומען פייפען. ס'צעטראָגט זיך א טומעלדיג פייפען אין דער נאַכט, ציט זיך איבער אלעמענס קעפּ, שמייסט ווי מיט בייטשען:

— אָהיים, אָהיים! א־א־א־היים־מ־ם!

וועקט דער עולם ווילד, צעשראָקען, נעמט זיך מיט אימפּעט אריינכאַפּען נאָך און נאָך א ראנד.

כאַפּט ברוך אָן חנה'ן הינטען אַרום, גיט א קאָ־מאַנדע: שנעל! א קיט! — כאַפּט זיך מאַקס אָן אָן ברוך'ן פון הינטען, אָן מאַקס'ן ווייטערער א באַקאַנטער, אָן דעם באַקאַנטען אַן אַנדערער, לאָזט מען זיך אַלע אין לעצטען, שנעלסטען לויף.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און ערגעץ איבער ווייטע, ווייסע פעלדער גייט זיך דער פעטער שנייער בלאָס, פארטראַכט, מיט די צוויי ווייסע זילבער הערנער, וואָס הויבען זיך לבנה'־שטראַליג פון זיין קאָפּ. און טריט שטילט ער צום אייז צו, רואיגע, גלייכגילטיגע.

---

**גאָלד און זילבער און בריליאַנטען**



קום איך ווען פון וואלד ארויס ? !

# אין דעם ווייסען וואלד

ווינטער. אין ערגעץ אויף דער וועלט איז א וויי־סער וואלד פאראן — דער וואלד פון דעם פארבלאָנ־דזשעטען חתן. די וואָס פאָרען ביי דער נאָכט יענעם ווייסען וואלד פאַרביי דערציילען, אז יעדע נאַכט, אין א געוויסער שעה, דערהערען זיך דאָרטען פלוצלונג פעסטע טעמפע טריט. — עס טרייבט ווער אין דעם וואלד ווילד אום זיין פערד, כאָטש מען זעט ניט קיינעם. דאָס פערד לויפט און לויפט און שטעלט זיך אָפּ פון מאָל צו מאָל. און איבער'ן וואלד צעטראָגט זיך דע־מאָלט א פארביינקט געשריי:

— קום איך וועןַ פון וואלד אַרוים?! קום איך וועןַ פון וואלד אַרוים?!

---

עס איז געווען וויים און ווינטער אויף דער וועלט.

און ערגעץ אויף א פעלד איז געשטאנען א ווייסע קרעטשמע.

און אין דער ווייסער קרעטשמע האָט געוואוינט א איד מיט זיין ווייב.

און דער איד מיט'ן ווייב האָבען געהאט אַן איין־איינציג קינד. א שיינע טאָכטער, אויף וועלכער גאָט און לייט האָבען זיי מקנא געווען.

איז די טאָכטער געווען א כלה און איר חתן איז געווען א קאַסירער אין וואַלד.

---

# גאָלד און זילבער און בריליאַנטען

האָט מען איינמאָל פאַרנאַכט געבראַכט דעם חתן א בריוועל פון זיין כלה, איז דאָרט מיט אַ ציטערדיגער האַנט געווען אָנגעשריבען: —

„די מאַמע בלייבט היינט אין שטאָט אויף נאַכט און דער טאַטע — קום, קום! ער וועט ניט הערען, ער שלאָפט אַ מידער נאַכ׳ן מאַרק.“

האָט דער חתן ניט געטראַכט, אַז מע טאָר ניט קומען צו אַ אידישער טאָכטער אָהן טאַטע־מאַמע׳ס וויסען, נאָר ער האָט געוואָרט עס זאָל ווערען גוט פינ־סטער, אַז ער זאָל קומען ווען זיין כלה׳ס טאַטע וועט שוין שלאָפען און אַז אויפקאָרען זאָל ער ווען קיין האָן וועט ניט קרייען... — ווי אַ גנב.

און ווען די נאַכט איז צוגעפאַלען, האָט ער אָנ־געזאָטעלט זיין שוואַרצען פערד. און ווען ס׳איז שוין געוואָרען פינסטער, האָט ער זיך אויף אים אַרויפ־געכאַפּט און זיך גענומען טראָגען דורכ׳ן וואַלד. — ווי אַ גנב.

דאָס שוואַרצע פערד האָט זיך געטראָגען, האָט זיך אויסגעצויגען און איז געשוואומען דורכ׳ן גרויסען ווייסען וואַלד, און דער חתן האָט זיך דערפאַר אַלע מאָל צוגעבויגען צום פערד׳ס קאָפּ און אים צופרידען געפּאַטשט אין זיין ברייטען האַלז, ווי ער וואָלט דעם פערד זאָגען: „פערד, מיין גוטער! באַלד רייסען מיר דורך דעם גרויסען ווייסען וואַלד, באַלד וועלען מיר אַרויס אויף די אָפענע ווייסע פעלדער צו דער קרעטש־מע, צו מיין כלה!“

די צייט אָבער האָט זיך געצויגען, די נאַכט האָט

געגומען ווערען אלץ גרעסער, טיפער און שפעטער, און ארום איז נאך אלץ געווען וואלד און וואלד.

האט דער חתן גענומען יאגען זיין פערד נאך שטארקער, ווייל אים האט באנג געטאן די גוטע צייט. איז ער אזוי אויף זיין שווארצען פערד געפלויגען און געפלויגען דורכ'ן גרויסען ווייסען וואלד, נאר ווען ער האט זיך אומגעקוקט, האט ער פאר זיך אבער נאך אלץ געזען דעם ווייסען וואלד... אלץ בלויז וואלד און וואלד!...

באלד אבער האט ער דערזען, ווי דארט ארויף ענדיגט זיך שוין דער גרויסער וואלד. דאס הארץ האט אין אים אויפגעציטערט פון פרייד. די אויגען זענען אים מיטאמאל געווארען ליכטיגער און ער האט נאך שטארקער אונטערגעשפארט זיין פערד...

אבער, ווי נאר ער קומט צו אהין ארויף דערזעט ער פלוצלונג, אז פון דארטען הויבט זיך גאר ערשט פון דאס ניי אן גרויסער וואלד, ווייסער וואלד און וואלד!...

האט זיך דער חתן געמאכט הארץ, געשמייכעלט און איז ווייטער געפארען. און אים האט זיך גענומען דוכטען, אז ער זעט דורך די פארשנייטעביימער די ווייסע קרעטשמע. — אלע פענסטער פון דער קרעטש־מע זענען פינסטער, נאר פון איינעם קוקט ארויס זיין שיינע כלה. שרייט ער צו איר:

— „באלד קומען מיר פון וואלד ארויס!“

און ער נעמט נאך שנעלער איילען דאס פערד. —



---

# גאלד און זילבער און בריליאנטען

ער האָט זיך אזש אויפגעשטעלט אויף די אייזערנע פון זאָטעל און גענומען שרייען: —

— „מיין פערד! געשווינד!!"

האָט זיך דאָס שווארצע פערד אויסגעצויגען אויפ'ן ברייטען וועג צווישען די ווייסע ביימער, און האָט זיך גענומען טראָגען אזוי, אַז ער האָט כמעט אַנגערירט די ערד מיט זיין בויך. איז דעם חתן פון דעם געוואָרען היימליכער. פאר זיינע אויגען איז אים אַרויסגע־שוואומען זיין שיינע כלה, ווי זי ציטערט און שמייכעלט און שרייבט צו אים:

„די מאַמע בלייבט אין שטאָט אויף דער נאַכט, און דער טאַטע — קום! קום! ער וועט ניט הערען! ער שלאָפט אַ מידער נאָכ'ן מאַרק."

דעם חתן ווערט פון דעם פריילאך און ער שרייט צו איר:

— מיין שיינע כלה! באלד ביזטו לעבען מיר! און עס וועט ניט וויסען דיין טאַטע און עס וועט ניט וויסען דיין מאַמע, נאָר מיין פערד, וואָס איז מיט מיר!

וואָרים ער האָט גאָרניט געטראכט, אַז מען טאָר ניט קומען צו אַ אידישער טאָכטער ווי' אַ גנב.

מיטאַמאָל אָבער איז דעם חתנ'ס פערד געוואָרען אומרואיג! — ס'שמעקט און ניסט... דער וואלד איז אים אינגאנצען געוואָרען פרעמד און ניט היימלאך, הויך און גרויס!.. האָט דער חתן אויפגעציטערט און איז שיער ניט פארפרוירען געוואָרען פון שרעק און אין קאָפּ ביי אים האָט אויפגעבליצט:

„ס'האָט מיר ווער פארפירט מיין פערד!! קום

---

גאָלד און זילבער און בריליאַנטען

איך ווען פון וואלד ארוים?... קום איך ווען פון וואלד ארוים!?"...

פונקען האבען גענומען שפריצען פונ'ם חתנ'ם אויגען. ווילד האט ער גענומען ארומטרייבען אין וואלד זיין פערד, ווי א גנב, און ווילד האבען פון דעם טיפען וואלד צו אים גענומען הילכען פעסטע טעמפע טריט. ווילד און פרעמד האט זיך פארביי אים גענומען טראגען דער ווייסער וואלד, ווי פאר א גנב.

— האזהו! הא־הו! — האט דער חתן גענומען שרייען — הא־הו, מיין כלה, איך האב דיך ליב!

און פון ערגעץ ווייט האט אים עמיצער צוריק־געשריען:

— האזהו! הא־הו — איך האב — דיך — ל—לי—י—יב!

האט זיך דעם חתן גענומען דאכטען, אז ער הערט אין דעם ווידערגעשריי דער כלה'ס רופען. — זי רופט פון אט דארטען, פון אט דאנען... און ווידער נעמט זיך אים דאכטען, אז אט ענדיגט זיך דער וואלד...

אט ענדיגט ער זיך דא און אט ענדיגט ער זיך דארטען...

און אט ענדיגט ער זיך אין עטליכע פלעצער אויף איין מאל...

אבער וואוהין נאר ער פארט אן, פארשווינדען די צייכענס!... און דער וואלד ווערט נאך אלץ גרעסער און פרעמדער, און פאר די אויגען שפרינגען און טאנ־צען בלויע פייערען, וואס עמיצער צינדט וואו אינ'ם

גאלד און זילבער און בריליאנטען

וואלד: איז דאָרט דער בייזער קריק־קריק פראָסט, צו דאָס איז דער גוטער פעטער שנייער?...

אָבער אָט דערזעט דער חתן פאר זיך מיטאַמאָל אַ ברייטען וועג וואָס פירט צו ווייטע אָפענע פעלדער, וואָס ליפען אזש אוועק ביז'ן גרויסען פארשטערענטען הימעל. איז ער צוגעפאַלען צום פערד, האָט ארומ־גענומען זיין האַלז און אויסגעשריען ווי אַ באַפריי־טער:

— מיין פערד! מיין געטרייער פערד!

האָט דאָס פערד אַ הירזשע געטאָן, זיך אויסגע־צויגען נאָך לענגער און זיך גענומען טראָגען איבער'ן וועג, ווי אַ פייל פון בויגען.

אין מיטען האָט אָבער דאָס פערד אַ שפרונג גע־טאָן אויף צוריק, האָט אויפגעשפיצט די אויערען, זיך אַ שטעל געטאָן אויף די הינטערשטע פיס, האָט צע־עפענט דאָס מויל, ארויסגעשטשירעט די געל־ווייסע ציינער, די נאָזלעכער האָבען זיך ווילד צעשפרייט און די אויגען האָבען גענומען בליצען גרין! — דאָרט שטייט אנטקעגען דער בייזער קריק־קריק פראָסט. — ניין, קוק זיך אום, דאָס איז דאָך גאָר דער גוטער פע־טער שנייער.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַזוי האָט נאָכדעם געטראָפען, אַז די מאַמע איז שוין מער פון שטאָט ניט געקומען, און דער טאַטע האָט זיך שוין מער פון שלאָף ניט אויפגעכאַפּט, און די טאָכטער איז שוין אויף שטענדיג ביים פענסטער

---

גאָלד און זילבער און בריליאַנטען

פארבליבען, און דער חתן איז שוין מער קיינמאל פון וואלד ניט ארוים.

און די וואס פארען אמאל אין ווינטער, פארביי יענעם ווייסען וואלד, זאגען, אז יעדע נאכט אין א גע־ וויסער שעה, דערהערען זיך דארט מיטאמאל פעסטע טעמפע טריט. —

עס טרייבט ווער אין דעם וואלד אום, ווילד זיין פערד, כאטש מען זעט ניט קיינעם. עס הערט זיך — זאגען זיי — ווי דאס פערד לויפט, לויפט און שטעלט זיך אפ פון מאל צו מאל... און איבער'ן וואלד צע־ טראגט זיך דעם חתנ'ס פארביינקטער געשריי:

— קום איך ווען פון וואלד ארוים? קום איך ווען פון וואלד ארוים? — — — — — — — — — — — — — — —

## א גרופע מעשה'לאך פון דוד איגנאטאוו

אונטער'ן פאלקסטימליכען נאמען

# גאלד און זילבער און בריליאנטען

1) די מעשה מיט'ן גאלדענעם איינגעלע
2) א שטעטעל: (דער רויטער ריז, גאט'ס וואונדער)
3) ווינטער: (דאס אנקומען פון ווינטער, א ווינטער נאכט אין וואן קארטלאנד פארק, די מעשה מיט'ן תתן אין דעם ווייסען וואלד.)
4) א שטאט: (דער געפאנצערטער ריז, דער האדסאן.)

נ א ך א ל ט ע מ ע ש י ו ת:

5) דער רמב"ם און דאס מענשעלע
6) דער משומד און דער אגוס
7) דער נסתר
8) די מעשה מיט די צוויי שותפים
9) בערעל פראגער אין לבנה לאנד
10) בערעל פראגער אין דעם לאנד פון ריינקייט
11) די מעשה מיט דער מלכה שבת
12) די מעשה מיט דעם אמת'ן און דעם פאלשען בן מלך
13) די פארוואגעלטע בת מלכה און דער גבור
14) פון חומש: האזינו, דאס געזאנג פון משה. די רייד פון בלק און פון בלעם.

FARLAG AMERICA, 215 East Bway., N. Y.

